„פראלעטאריער אלער לענדער פעראײניגט אײך“.

„FREIHEIT“

פרײז פר. אײנצעלנע נומער: 4 הל.
אבאנאמענט:
גאנציעהרליך — 2.— קראנען
האלב „ — 1.—

# פרײהײט

ציוניסטיש־סאציאליסטיש־ארבײטער־ארגאן.

ערשײנט יעדען פרײטאג

אדרעסע פיר די רעדאקציאן:
Krakau Dietelsgasse 42.

אדמיניסטראציאן:
Krakau Gertruda 11.

קראקױ, ערשטער יאהרגאנג. | נומר 6 | 29 September 1905.

# ארבײטער! חברים!

אין א בעראטונג אונטער דעם פארזיץ פונ׳ם קײזער האט אײך דער עסטרײכישער מיניסטער־פרעזידענט א אונערהערטע עולה געטהון. מיט א דרײסטיגקײט האט ער זיך נישט װיסענדיג געמאכט פון אײערע רעכטע. אײער צוקונפט האט ער אבגעלײקענט אין א פרעװעלהאפטער אופ׳ן. אײער כבוד אלס א קלאס האט ער אנגעריהרט און האט בעצװײפעלט אײער שטעלונג אלס שטאאטסבירגער. גױטש האט זיך ארױסגעװיזען אלס א געגנער פונ׳ם ארבײטענדען פאלק, א פאלקס־שונא רופען מיר איהם! שטעהט אויף ארבײטער און זײט אײך נוקם פאר דער חרפה, װאס מען האט אײך אנגעטהון! מאכט איהם אונשעדליך, דעם װאס האט געטרעטען מיט די פיס די רעכטע פונ׳ם פאלק, ערקלערט אלע זײ, װאס בעצװײפלען אײער הײליגען אנשפרוך א קאמפף אהן רחמנות: לאזט די מעכטיגע פונ׳ם שטאאט װיסען אז די צײט פון סבלנות איז פעריבער, אז די ארבײטענדע קלאסען פין עסטרײך זענען ענטשלאסען, זיך דײער עהרליך רעכט, דאס אלגעמײנע גלײכע און דירעקטע װאהלרעכט אויף יעדען אופ׳ן צו ערקעמפפען.

דער עסטרײכישער מיניסטערפרעזידענט האט בײ די בעראטונגען אין אישל און אין דער װיענער האפבורג געגען דעם אלגעמײנעם װאהלרעכט אין אונגארן זײן „לא“ אנידערגעלעגט: א דאנק איהם און דעם האפמיניסטער גאלאחאװסקי האט פערבאטען דער קײזער די אײנברענגונג פונ׳ם פארטיגען געזעץ־פראיעקט. נישט אויס רעספעקט פאר די פאלקסרעכטע נאר לטובת דער קראנע און איהרע פריװילעגיען האט דעם דאזיגען פלאן אויפגעשטעלט דאס אונגארישע מיניסטעריום: דער פלאן איז געװעזן דורך א ראדיקאלע רעה פונ׳ם פארלאמענט, א סוף צו מאכען דער קריזיס פונ׳ם דואליזם, כדי צוברעכען די גראפענמאכט פונ׳ם רײכסטאג װאס טהוט בעדרענגען די קראנע האט געזאלט אײנגעפיהרט װערען אין אונגארן דאס אלגעמײנע װאהלרעכט. עס פערשטעהט זיך אז פאר די ארבײטער איז עס גלײכגילטיג אז גױטש איסניצענדיג די אנטיפאטיע פונ׳ם עסטרײכישען האף געגען יעדע ערװײטערונג פון פאלקסרעכט האט דורך דער פערװערפונג פון קריסטאפפיס רעפארם פארגענײט דער קאאליציאן דעם ענדגילטיגען זיעג, און האט דאדורך געבראכען דעם קארק דער „בכבוד׳יגען מאנארכיע“. אינ׳ם פעראינטערעסירט נאר דער דאזיגער פאקט, אז ער האט זיך געשטעלט א קײנען א רעפארם, װעלכע איז געװען פאר דעם אונגארישען שטאאט װאס װערט בעהערשט פון א קליקע א לעבענסבעדערפניש, אז ער האט מיטגעהאלפען צו בערויבען מיליאנען רעכטלאזע אין אונגארן, אונזערע ארבײטסברידער דאס פאליטישע רעכט, זײ צו פערװײגערן די פאליטישע עגזיסטענץ. ארויסגעהענדיג פונ׳ם געפיהל פון דער פעסטע צוזאמענבונדענײט פון אלע ארבײטענדע מענשען, פון דער פעסטע סאלידאריטעט װאס איז שטארקער פון אלע שטאטליכע גרעניצען, פראטעסטירט די עסטרײכישע ארבײטערשאפט געגען דעם דאזיגען פערברעכען אן די אונגארישע ארבײטער און טהוט אנקלאגען גױטש אלס דער שולדיגער פון דער שלעכטע טאט.

נאר גױטש האט אויך זײן האנד ערהױבען געגען דעם ארבײטער רעכט אין עסטרײך. ער האט א קעגען גערעדט געגען דער אײנפיהרונג פונ׳ם אלגעמײנעם װאהלרעכט אין אונגארן מיט דער „בעגרינדונג“ אז דאדורך װאלט ענטשטאנען די סכנה, דאס אלגעמײנע גלײכע װאהלרעכט װאלט מען אויך געמוזט אײנפיהרען אין עסטרײך. הערט צו, ארבײטער, װאס עס זאגט עסטרײך׳ס מיניסטער. אײער רעכט רופט ער א סכנה פאר׳ן שטאאט. דאס װאס איהר טהוט בעטראכטען אלס א עלענדען רױב פון

**גענאסען! שטעהט צו צו די װיענער צענטראל־פערבענדע.**

אייערע רעכטע, איז פאַר איהם „שטאַאטליכע נויטווענדיגקייט“. אַ וואַהלאונרעכט וואָס האָט נישט זיינסגלייכען מאַכט אייך פאַר די עבדים פון דעם דאָזיגען שטאַאט. הערר פ. גויטש גיט בעקאַנט אַז איהר מוזט אַזוי תמיד בלייבען! איהר פערלאַנגט רעכט פון עסטרייך: זיין מיניסטערפּרעזידענט זאָגט דעם קייזער, אַז אין עסטרייך קען רעכט קיינמאָל נישט הערשען! איהר האָפט אויף גערעכטיגקייט: גויטש מעג ערקלעהרען, אַז עס וואָלט געווען אַ אונגליק, ווען מען זאָל געבען גערעכטיגקייט די עסטרייכישע פעלקער! גיטס דעם פאָלק, וואָס עס געהערט דעם פאָלק: דאָס לעהרט הכמה דעם הערישער. גיב קיינמאָל נישט די עסטרייכישע פעלקער, וואָס זיי קומט: דאָס עצה'ט גויטש זיין מאָנאַרך. איהר קענט דאָס פערביטערנדע אונרעכט פונ'ם איצטיגען וואַהל־סיסטעם, אין וועלכען עס האָבען מעהר רעכטע איין גאַרשיק גרויסגרונדבעזיצער, אלס אלע די דערוואַקסענע מענשען פון דעם דאָזיגען שטאַאט, וואָס טהון איהם ערהאַלטען צו דער צייט פונ'ם פריעדען און בעדאַרפען איהם בעשיצען אין אַ מלחמה. גויטש ניט בעקאַנט: שטייערען צאַהלען, דאָס זאָל צאַהלען דער פעבעל, אַזוי פיעל, ווי דער שטאַאט ברויך: דעם מלך זאָל ער ברענגען קרבנות, אַזוי פיעל, ווי די גרויסמאַכט האָט חשק. אָבער רעכט טאָר איהם נישט געשעהן, רעכט דאַרף ער נישט בעקומען, דאָס וואָלט געווען, אַזוי זאָגט עסטרייכס מיניסטערפּרעזידענט, אַ גרויס געפאַהר. האָט דען אַ מיניסטער דער עסטרייכישער אַרבייטערקלאַסע אַמאָל אַ בלוטיגערע חרפה אָנגעטהון, זייער רעכטסאַנשפּרוך מיט מעהר שנאה בעקעמפּפט, ווי גויטש האָט עס געטהון מיט זיין וואַרנונג פאַר די אַרבייטער?

ענטפערטס, אַרבייטער, דעם שונא פונ'ם אַרבייטענדען פאָלק! שטעהט אויף, פּראָלעטאַריאַט פון אַלע נאַציאָנען אין עסטרייך, און טהו איהם בעקאַנט־געבען אונזער פעסטען ענטשלוס: נישט צו רוהען און נישט צו ראַסטען, ביז דער אַנגריף אויף די עהרע פון דער אַרבייטער־קלאַסע, דאָס אַטענטאַט אויפ'ן רעכט פון דער אַרבייטענדער מענשהייט וועט מכפּר ווערען, ביז עס וועט בעזייטיגט ווערען דער פאָלקס־פיינד. ניעדער און אַוועק מיט גויטש: דאָס איז די תשובה פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויף יענע פערהענגטע אַרויספאָדערונג: דאָס וועט זיין אונזער לאָזונג, ביז עס וועט אויסגעפיהרט ווערען די שטראָפע אויף דעם שולדיגען מאַן. און נישט בלויז דער מאַן מוז פאָליטיש פערניכטעט ווערען, עס מוז אויך פערניכטעט ווערען דאָס עלענדע, שאַנדפאָלע, שטאַאט און פעלקער פערניכטענדע פּריווילעגיענוואַהלרעכט. אַוועק מיט די פּריווילעגיען און אַוועק מיט זייערע היטער, און אַהער מיט'ן אַלגעמיינעם און דירעקטען וואַלרעכט! ניעדער מיט די ציטאַדערלען פון אונרעכט און אָפען זאָל ווערען דער וועג פאַר די גייסטיגע, פּאָליטישע און סאָציאַלע ענטוויקלונג פון די פעלקער!

זאַמעלט אייך, אַרבייטער, און גיטס הויך בעקאַנט אייער ווילען. זאַמעלט אייך אין פערזאַמלונגען, זאַמעלט אייך אין מאַסען: געוואַלטיג זאָל זיין אייער אויפמאַרש און ענטשלאָסען אייער טהאָט. גיט בעקאַנט אייער ווילען, אַז דער השבון אויף די געדולד פונ'ם פאָלק איז פאַלש, אַז דאָס שפּיעל מיט די רעכטע פונ'ם פאָלק נעהמט אַ סוף. אייערע אָבגעאָרדנעטע וועלען איהם ווערטער לייהען אינ'ם פּאַרלאַמענט, איהר אָבער וועט ערקלעהרען אָפען־באַר דעם הערשענדען, אַז די אַרבייטער־קלאַסע אין עסטרייך איז איניג אין דער פאָדערונג נאָך דער כפּרה פאַר איהר אָנגעטהוענע שמאַך, איינינ אינ'ם קאַמפּף פאַר איהר געהייליגטעם רעכט. און אַזוי זאָל שטירמען די פאָדערונג פון לאַנד צו לאַנד, פון פאָלק צו פאָלק, אָנוואַקסענדיג צום שטורם, ביז זי וועט ווערען דערפילט.

ניעדער מיט די פּריווילעגיען!

ניעדער מיט די פאָלקס־שונאים!

אַהער מיט'ן אַלגעמיינעם, גלייכען און דירעקטען וואַהלרעכט!

וויען, אינ'ם חודש סעפטעמבער 1590.

דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פערבאַנד אינ'ם עסטרייכישען פּאַרלאַמענט.

די געזאַמטפּאַרטייפערטרעטונג דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין עסטרייך.

---

גענאָסען! זאַמעלט פאַר די זעלבסטשוצאָרגאַניזאַציאָן פון אונזערע רוסישע חברים.

# גענעראַלשטרייק.

דורך צוויי סבות זענען מיר גענעהטיגט אונז איצט צי בעפאסען מיט דער אידעע פונ,ם גענעראַלשטרייק. ערשטענס דורך די דעבאטע *) פון דער דייטשע סאציאלדעמאָקראטיע אויפ'ן פארטייטאג אין פאריגער וואָך און צווייטענס דורך די קריענסערקלערונג פונ'ם עסטרייכישען פראַלעטאריאט געגען דער עסטרייכישע רעגירונג, פון וועלכער מיר שרייבען אין אָנהויב פון דער דאזיגע נומער.

וואָס איז דאָס א גענעראַלשטרייק? — עס איז דאָס א ארגאַניזירטע ארבייטס ניעדערלעגונג פון אלע ארבייט אין א שטאָדט, א פראווינץ אדער א מלוכה. אויב מיר וועלען רעדען איבער דעם ווערט אדער נישט ווערט פון א גענעראַלשטרייק, מוזען מיר מאַכען א חלוק צווישען פאליטישען און אעקאנאמישען גענעראַלשטרייק. היינט פעראינטערעסירט אונז בלויס דער פאליטישער גענעראַלשטרייק. דאָס דאזיגע קאמף מיטעל האט נאר דעמאַלט אבערעכטיגטען עקסיסטענץ, אז עס טהוט צופאסען אין דער אלגעמיינע ענטוויקלונג פונ'ם פראַלעטאריאט צו דער הערשענדע קלאַס. ווען קען דאָס זיין דער פאל? — דאָס קען נאר דעמאַלט זיין, אז דער פאָליטישער גענעראַלשטרייק איז דאָס נאַטירליכע מיטעל, איינס פון די פעשפארינישען צו בעזייטיגען וועלכע עס ליגט אינ'ם וועג דעם פראלעטאריאַט די בורזשואזיע אדער אריסטאקראטיע.

לאָמיר אצונד ארייננקלערען אויף וועלכע פערשידענע אופן'ס עס וועלען הינדערן די הערשענדע קלאסען די ענטוויקלונג פונ'ם פראלעטאריאט, דאָס ערשטע הינדערניס איז׳ אז די הערשענדע קלאסען בעניצען אלע מיטעל כדי נישט צו דערלאָזען׳ אז דאָס פראלעטאריאט זאל זיך קענען ענטוויקלען צו א קלאסען כח. אזא סארט געזעלשאפט וואס טהוט אויפהאלטען די ענטוויקלונג פון די קלאַסען דורך געזעצען און פריווילעגיען הייסען מיר א פרוציש (פעאדאלע) געזעלשאפט, און דער סימן פון א פעאדאלע געזעלשאפט איז אבסאלוטיסטישע מלוכה.

אזוי ווי אין דער נאטור ווען דאס וואקסען פון א ביימעל ווערט אוינעהאלטען דורך א דינינקע הייטעל דענסטמאל מוז דאס הייטעל שפרינגען אדער דאס ביימעל טריקענט אָב, די זעלבע מעשה איז מיט דער פעארעאלע געזעלשאפט, זי ווערט אויך צעריסען, צערשפרינגען פון די נייע אויפוואקסענדע קלאסען כחות. אזוי קען אויך דאס פראלעטאריאט זיין הינדערנים, צו דער ענטוויקלונג אלס א קלאס וואָס דאס דאזיגע הינדערנים הייסט פעאדאלער אבסאלוטיזם—צערייסען דורך די ר ע וו א ל ו צ י א ן, ווי למשל, איצט אין רוסלאנד.

דאָס צווייטע פערשפארניש וואס טהון לייגען אינ'ם וועג דער ענטוויקלונג פונ'ם פראלעטאריאט די הערשענדע קלאסען, איז דאס, אז זיי טהון איינהאלטען דעם ענטוויקלונגס כח פונ'ם פראַלעטאריאט דורך שלעכטע ארבייטס־און לעבענסבעדינגונגען. אבער אויך דאָס דאזיגע פערשפאריניש ווערט מוטיג א וועקגעריסען פון דער סאַציאליסטישע בעוועגונג. דער ג ע ז ע צ ל י כ ע ר ק א מ ף וואס דאס פראלעטריאט טהוט פיהרען אין קאנסטיטוציאנעלע לענדער דורך שטרייקס און פארלאמענטרישע ארבייט צוליעב פון פערשידענע רעפארם געזעצע, *) דאָס איז דער קאמף מיטעל, מיט וועלעען עס טהוט זיך וועהרען דער פראלעטאריאט וואָס איז אויפגעוואקסען צו א שטארקען קלאס געגען די גרויסע עקספלואטאציע, וואס איהרע פאלגען זענען דעגענערירונג און אונטערגאנג.

צו ערשט רעוואלוציאנערער פאליטישער קאמף ביז דאס פראלעטאריאט וואקס אויס צו א מעכטיגען קלאס, און דערנאך געזעצליכער קאמף פארלאמענטאריש צוליעב רעפארמען, און עקאנאמיש דורך שטרייקס דאס איז דער רעגעלמעסיגער גאנג פון דער ענטוויקלונג פונ'ם סאציאליזמוס.

אויף צוויי אופנ'ס קענען פערהינדערן די דאזיגע געזונדע ענטוויקלונג די הערשענדע קלאסען.

איינמאל דאדורך וואס זיי טהון פערגיפטען דעם מח פונ'ם קעמפענדען פראלעטאריאט דורך דעם בורזשואזנע דענקאופן און זיינע פראדוקטען — שאָוויניזם און רעליגיעזען פאנאטיזם **) און דאס אנדערע מאל ווידער דאדורך אַז זי וויל דורך נישט געזעצליכע איבערפעלע אויף די ערקעמפטע רעכטע פונ'ם פראלעטאריאט, אָבשוואכען עווענטועל צו שטערען איהם און זיינע קאמף'ס אַרגאַניזאציאנען פארטיי און געווערקשאפטען.

א געגען דער ערשטער שטערונג קען זיך די סאַציאלדעמאקראטיע גאנץ לייכט אבוועהרען, דורך דער פערטיפונג און פערשפרייטונג פון דער פראלעטארישע דענקארט און אויף דעם אופן א קעגענזעצען דעם גיפט פונ'ם בורזשואזנע געדאנק אינ'ם מח פונ'ם פראַלעטאריער, די געזונדע פראלעטארישע אידעאַלאָגיע. געגען די צווייטע שטערונג ד. ה. געגען א נישט געזעצליכע אנגריף אויף די לעגאלע ארבייט פונ'ם פראַלעטאריאט, — פארלאמענטאריזם און געווערקשאפט, געגען א זעלכע געוואלט מיטעל פון דער בורזשואַזיע, בעזיצט דאס סאציאליסטישע פראלעטאריאט דאס צוואנגס־מיטעל פון דער ארבייטערשאפט — דער גענעראלשטרייק. נאר דענסטמאל מעג בעניצען דאס פראַלעטאַריאט דאָס מיטעל פון גענעראלשטרייק, ווען עס וויל מאכען א אונארדנונג אין דער גאַנצער בורזשואזנע שטאאטס־מאשינעריע דורך א פלוצלונג א וועקלעגען פון דער ארבייט. ווען איז עס נעהטיג פאר דער סאציאליסטישען ענטוויקלונג, אז דאס פראלעטאריאט זאַל דעמאראליזירען די ווירטשאפט פון דער בורזשואזיע? דאָס איז פאר דיא סאציאליסטישע ענטוויקלונג דענסטמאל נעהטיג, ווען די הערשענדע קלאסען טהון אונטערנעהמען א פרעכען אנגריף אויף די ארגאניזאציעס פונ'ם פראלעטאריאט. דאס טהון די הערשענדע קלאסען דעמאלט ווען זיי האַבען די העזה אנצוריהרען דאס וואהלרעכט אדער פעראיינסרעכט. אז מען טהוט בעקירצען

---

*) דעבאטירען הייסט א זאך איבערקלערען חורך א פערזאמלונג.

*) קראנקען־אונפאל און אלטערספערזיבערונג.

**) ווי למשל ביי די יודען די פועלי ציון, און ביי די נישט־יודען די קריסטלין־סאָציאלען.

---

גענאָסען! זאמעלט פיר פרעסספאָנד.

דאס וואהלרעכט, אזוי שטערט מען די ארבייט פון דער פארטיי, וואס זי שטרעבט צו בעקומען סאציאלע רעפארמען און דעמאקראטישע געזעצע דורך פארלאמענטארישען אופן.

מיר דערזעהען אלזא פון דעם וואס מיר האבען אויבען איבערגעקלעהרט, אז:

דער פאליטישער גענעראלשטרייק איז א צוואנגסמיטעל פאר דעם פראלעטאריאט און ער דיענט דאצו כדי צו פערפלאנטען מאשינעריע פון די בירגערליכע געזעלשאפט. דאס דאזיגע געוועהר פערנעהמט נאר דעמאלט פלאץ אין דער סאציאליסטישע ענטוויקלונג, ווען די הערשענדע קלאסען האבען חשק צי דעמאראליזירען דאס קעמפענדע פראלעטאריאט דורך שענדונג פון די פאלקסרעכטע. דער פאליטישער גענעראלשטרייק איז א אטענטאט *) אויף די מאשינעריע פון די בורזשואזנע שטאאטען און ענפער אויף א אטטענטאט פון די הערשענדע קלאסען אויפ'ן ארבייטער פאלק **).

# יודיש טעריטאַריאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן.

די דאַזיגע נייע פארטיי האט אצונד ארויסגעגעבען איהר פראגראם און דאס פראטאקאל פון דער ערשטער קאנפערענץ. אזוי ווי מיר האבען צו דער דאזיגער פארטיי א געוויסער בעציהונג, איז נויטיג צו דערזעלבער צו נעהמען א פרעציזע שטעלונג, נאך מעהר דערפאר, ווייל די דאזיגע פארטיי וויל איצט אנהויבען א ברייטע אגיטאציע.

עס פערשטעהט זיך, אז אונזער ארגאן קען נאר ברענגען אונזער פרינציפיעלע שטעלונג צו דער י. ט. א. *). די טאקטישע שטעלונג הענגט אב פון דעם בעשלוס פונ'ם צענטראלקאמיטעט פון אונזער פארטיי, און דער בעשלוס איז נאך נישט געפאסט געווארען, ווייל די י. ט. א. האט נאך אליין נישט קיין זיכערן פנים. דאס געמיש פון נאציאנאלע טעריטאריאליסטען אונאנדיסטען און נדבה'דיגע ציוניסטען האט זיך נאך נישט ענטוויקעלט צו א פארטיי־איינהייט מיט א דייטליכען האראקטער.

*) אטענטאט הייסט א געוואלט־טהעטיגער אנפאל.

**) דאס איז דער אינהאלט פון דער רעזאלוציאן פון דער דייטשער סאציאלדעמאקראטיע אין פאריגער וואך. אויף דעם אופן מוזען מיר אצונד איבערקלעהרען, אויב אינ'ם איצטיגען מאמענט אין עסטרייך און אונגארן איז נויטיג דער פאליטישער גענעראלשטרייק.

*) י. ט. א. איז די אפיציעלע אבקירצונג פון דער יודיש טעריטאריאליסטישע ארגאניזאציאן.

דאס פראגראם פון דער י. ט. א. האט דיזעלביגע טענדענץ ווי דאס באזעלער פראגראם פון די ציוניסטען. נור פיהלט מען תיכף ביים לעזען, אז אינ'ם טעריטאריאליסטישען פראגראם האט מען זיך מעהר גערעכענט מיט די אמת'ע פערהעלטניסע אלס ביי די ציוניסטען. מען בעמערקט זאפארט אז אין דער י. ט. א. זיצט נישט מעהר דער פערהלומ'טע קליינבורזשוא נור מענשען וואס געהערען צו א לעבעדיגער קלאס. די אנהענגער פון דער טעריט. פארטיי קוקען אויף דעם יודישען לעבען נישט פון דער פערשפעקטיווע פונ'ם פערגעבערטען ישובה־בחור, נאר פונ'ם שטאנדפונקט דער ווירקליכקייט. פיר די י. ט. א. עגזיסטירט ניט א פאנטאסטיש „יודישע פאלק" אלס א אונצערייסבארע איינהייט, נור „יודען" וואס קענען אדער ווילען ניט פערבלייבען אין די איצטיגע לענדער. ביי זיי איז ניט פערהאנען א „צוועקדיענליכע" צוזאמענפאסונג פון די יודען אללער לענדער נוט דיסציפלינירט נאכ'ן אופן פונ'ם פרייסישען מיליטער אזוי ווי אינ'ם ציוניזם, נור א ארגאניזאציאן פון אלע יודען וואס זיי זענען מיט'ן צוועק איינפערשטאנדען.

(ענדע קומט)

# קראָניק.

קראקוי, זונטאג פריה א זייגער 10 האט דאס היגע פ. פ. ס. ד. קאמיטעט א פראטעסט־פערזאמלונג געמאכט. 10,000 ארבייטער זענען אנוועזענד געוועזען און האבען פראטעסטירט געגען גויטש'ס וואהלאטענטאט. דערנאך איז געוועזען א גרויסע דעמאנסטראציע מיט פערשיעדענע צוזאמענשטעסע מיט דער פאליציי. אונזערע חברים האבען נישט געארבייטעט און אי ביי פערזאמלונג אי ביי דער דעמאנסטראציאן אנטהייל גענומען.

קראקוי. שבת אבענד איז געוועזען א פארטראג ביי די פועלי־ציון איבער דעם בורזשואזען טעריטאריאליזם. איבער רעפעראט און דיסקוסיע וועלען מיר אין דער נעכסטער נומער שרייבען. ערוועהנען מוזען מיר נור, אז דער פארטראג האט געענדיגט דורך די פראוואקאציעס פון די ציוניסטען מיט א ווילדען געשלעג.

גארליצע. דיענסטאג האבען אונזערע היגע חברים איינבערופען א פראטעסטפערזאמלונג וועגען דעם רויב פונ'ם אלגעמיינעם וואהלרעכט. אויף דער פערזאמלונג זענען אלע יודישע ארבייטער פון אונזער שטאדט געוועזען. אויספיהרליכען בעריכט נעכסטע וואכע.

לעהנער.

בערלין. מיר האבען ערהאלטען א בעריכט איבער דאס חוצפה דיגע פארגעהן פון די היגע ציוניסטען געגען די זאמלער פאר זעלבסטשוץ. דורך פלאצמאנגעל ברענגען מיר דעם אריגינעלען בעריכט אין נומער 7.

בעריכטע אויס טארנאוו, סטאניסלוי, פשעמישל נעכסטע וואכע.

אלע געלדזענדונגען זענען צו ריכטען אן דער אדרעסע:

**Abr. Schreiber, Kraków, Długa 15.**

Wydawca i odpow. redaktor: Schulim Freund, Kraków. — Drukiem Józefa Plessnera i Ski w Podgórzu.